# מײן ביכעלע

מעשה׳לעך פאר קינדער

ש. פ-ט
[illegible]

## קינדער וואס ארבעטן




נומער 2

(צווייטע סעריע)

בוענאס איירעס 1944

## אינהאלט





פאראנ: שבערנדיקער

שמועל פיערט

# „מיין ביכעלע"

## מעשה'לעך פאר קינדער

צונויפגעשטעלט: פון ש. פ-ט.

# פאביאנסיטא און הערשעלע

צו צען יאר האט מען פאביאנסיטאן ארויסגענומען פון שולע און אוועקגעגעבן זיך לערנען א פאך.

אזוי איז פאביאנסיטא אנגעקומען אין דעם מאזשער, ווו ס'האט אויך געארבעט הערשעלע, א דאר אינגעלע מיט א קליינעם פנימל און קארנאסע נעזל, אויף וועלכן ס'איז געזעסן א פאר אויסגעקרימטע ברילן.

ביידע קינדער האבן זיך די ערשטע רגע אנגעקוקט

פרעמד און געשוויגן. איינער האָט געוואָרט, אז דער צווייטער זאָל אָנהויבן רעדן, ביז פּאַביאַנסיטאָ האָט געפרעגט:

— ווי אַזוי הייסטו?

— הערשעלע, און דו?

— פּאַביאַנסיטאָ.

— דו אַרבעטסט שוין דאָ לאַנג?

— אַ יאָר.

— און וויפל פאַרדינסטו?

— צוואַנציק פּעזאָס אַ חודש.

— איך פאַרדין אַכט.

— נאַדאַ מאַס!

— און וויפל אַזעלכע גייט מען אהיים — האָט פּאַביאַנסיטאָ אַלץ געפרעגט.

— די גרויסע זעקס, און מיר זיבן.

— פאַרוואָס מיר שפּעטער?

— ווייל מיר דאַרפן אויפראַמען און אויסקערן.

— קענען מיר דאָך אָנהויבן אויפראַמען פריער מיר זאָלן אַרויסגיין גלייך מיט אַלע.

— איך ווייס — האָט הערשעלע געענטפערט — דער באַלעבאָס וויל אָבער ניט. ער שרייט ווען מ'הויבט אָן פריער. און ס'ניט גוט ווען דער באַלעבאָס שרייט. ער וועט אַזוי קיינ-

מאל ניט דערליינגן. מיר האט ער צוגעזאגט העכערן, אויב איך וועל זיך אויפפירן אזוי גוט ווי ביז איצט.

— און וואס האסטו געטון ביז איצט?

— איך בלייב אלע טאג שפעטער נאך פון זיבן.

— און מ׳צאלט דיר דערפאר?

— ניין, דער באלעבאס וועט מיר אבער דערפאר דערלייגן. אחוץ דעם גיט ער מיר אלע שבת צו גיין זונטיק אין קינא. אז דו וועסט זיך גוט אויפפירן און בלייבן שפעטער, וועט ער דיר אויך געבן.

וויביידע האבן אזוי גערעדט, האבן זיי דערזען אנקומען דעם באלעבאס און אנטשוויגן געווארן.

הערשעלע האט געארבעט אויף גיך, זיך געיאגט זוכנדיק זיך אויסצופינען און געטראכט:

— זאל ער זען, דער באלעבאס, ווי שנעל איך ארבעט, וועט ער מיר נאך דעם חודש העכערן.

און פאביאנסיטא האט געטראכט:

— איך וועל ניט ארבעטן שפעטער. איך דארף נישט זיין געלט צו גיין אין ביאגראף. מיך וועט ער ניט אונטערקויפן. זאל ער מיר נאר צאלן וויפל איך בין ווערט — און אויף זיין קליין פנימל האט זיך באוויזן א טרויעריקע מינע וואס האט אויסגעדריקט די זארג פון א גרויסן...

## א רייזע

# דאָס בעקער־אינגל

באַגעגנט האָב איך אים אין א שפּייז־געוועלב האַלב צוועלף אַזייגער אין אָוונט. ער איז געזעסן ביי דער טיר פון געוועלב אויף א קאַסטן. כ׳האָב געמיינט, אַז פאַר מיר זיצט אַ קינד, וואָס מ׳האָט נאָר־וואָס פון שפּיטאָל אויסגעשריבן, אָדער וואָס מ׳דאַרף אין שפּיטאָל אַריינעמען...

— וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס, אינגל? — האָב איך אים א פרעג געטון.

ער האָט זיך געפוילט אָדער נים געקענט ענטפערן. ער



האָט שווער געאָטעמט.

— ביסט קראַנק?

ער האָט א שאָקל געטון דעם קאָפּ אויף נים.

וואָס-זשע זעסטו אויס אזוי שלעכט?

ער האָט געשוויגן און מיך אַנגעקוקט מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן.

— ביסט פארמאטערט?

— יאָ, פארמאטערט.

— וואָס פרעגט איר?

האָט זיך אריינגעמישט די באַלעבאָסטע, ער איז קוים אריינגעפאלן אין געוועלב.

— פארוואָס גייסטו נים א היים שוין שלאָפן — האָב איך געפרעגט.

— כ'וועל איצט דארפן ארבעטן — האָט ער שטיל גע־ענטפערט.

— וואָס הייסט, דו ארבעטסט נאָך ביינאכט?

— ניין.

— ביימאָג אויך?

— יאָ.

— וועך־זשע שלאָפסטו?

— פון צוויי ביז פינף.

— און דער באַלעבאָס ארבעט אויך אזויפיל?

— ער ארבעט גאָרנים

— און די באַלעבאָסטע?

— אויך נים.

— און די קינדער זייערע?

— אויך נים. איך און נאָך דריי „מענטשן" ארבעטן.

— וויפל נעמסטו א וואָך?

— גאָרנים... צוויי יאָר אומזיסט.

דאָס אינגעלע האָט געשוויגן. אין דער צייט, וואָס ער וועט מיט מיר רעדן, וועט ער בעסער אויף א קליין רגעלע צומאכן די אויגן.

ס'איז א מחיה.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און קראַצנדיק זיך אין דער הוילער, צעבלוטיקטער ברוסט, געפרעגט:

— ווי שפּעט איז איצט?

— דריי פערטל צען.

— אוי, אוי, אוי! — האָט ער אויסגעשריגן.

— וואָס איילסטו זיך, נאַר? גיי א היים און לייג זיך שלאָפן.

— כ'האָב נים קיין היים! — — — — — — — —

ער האָט נים קיין היים. ער האָט נאָר א בעקעריי מיט אַן אויוון, מיט א קויש, און א שטיקעלע דיל, א דריי שעה צו שלאָפן — מער האָט ער גאָרנישט.

דאָס אינגל איז וואקלענדיק אוועקגעגאנגען.



נחום יוד

# אין פאַבריק



עס רוישן מאָטאָרן ווי בינען,
אין טומל איז קוים וואָס מע הערט...
און אַרבעטער איבער מאַשינען,
ווי רייטער אויף שטאָלענע פערד.

עס זיצן די מענטשן געבויגן,
פון מוראַדיקן אימפּעט געשפּאַנט,
און אָנגעשטרענגט זענען די אויגן,
נאָר זיכער און פלינק איז די האַנט.

זיי טרייבן אַזוי פון באַגינען
ביז אָוונט די שטאָלענע פערד...
עס קלאַפּן און רוישן מאַשינען,
אין טומל איז קוים וואָס מע הערט.

# אלף — בית

צונויפגעשטעלט

ש. פיערס



אילוסטרירט אויף קלעצלעך




Edit. "ESTRELLITAS"

OLAYA 1639 Buenos Aires